# דִי לֶעבֶּענְסבֶּעשְׁרַייבּוּנג פוּן גְרוֹיסֶען גָאוֹן

# רַבִּי שְׁלֹמֹה אֶפְרַיִם

דֶער בַּעַל מְחַבֵּר פוּן דִי הֵיילִיגֶע סְפָרִים
עוֹלְלוֹת אֶפְרַיִם אוּנ כְּלִי יָקָר.

וִויא עֶס אִיז מִיט אִיהם דֶערגַאנגֶען פוּן זַיין גֶעבָּארֶען אָן בִּיז עֶר אִיז אוֹיפגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען פַאר אֵיין רַב אוּנ ראֹש יְשִׁיבָה אִין פְּרָאג.


## ווארשא

פערלאַג אונ אייגענטהום פון יהודה ליב מארגענשטערן,
בוכהאנדלונג אין ווארשא, פראַנציסקאַנער שטראססע № 26

שנת תרס"ב לפ"ק

## אין דער בוכהאנדלונג

פון י. ל. מארגענשטערן, װארשא, פראנציסקאנער № 26

בעקומען זעך אללער האנד ספרים אלטע אונ נייע, אויף לשון הקודש אונ אויף עברי טייטש: חומשים, עשרים וארבעה, תנ"ך סדורים, מחזורים, כלה-סדורים (סבלונות) מיט פערשיעדענע איבער-זעצונגען: יודיש, רוסיש, פאלניש, דייטש אונ אין פערשיעדענע פראכט-באנדער; ש"ס'ין (גמרות), משניות, עין יעקב, שאלות ותשובות, פוסקים ראשונים אונ אחרונים, דרוש-ספרים, מוסר-ספרים אונ מפורשים אויף תנ"ך אונ ש"ס; אללע סארטען העברעאישע ביכער, זשארגאנישע ביכער, טהעאטער-שטיקע, ליעדער, נאטען צו פערשיעדענע יודישע טהעאטער-שטיקע אונ ליעדער צו שפיעלען אויף פיעדעל אונ פיאנא, נאטען פון סקארבאװע נגונים, נאטען פאר מארשעליקעס (בדחנים), פרעהליכע גראם ביכלעך אונ װיטצען-ביכלעך פאר בדחנים אונ מארשעליקעס; אוטשעבניקעס (לעהר-ביכער) װאס מען בענוטצט אין אללע יודישע חדרים אונ שקאלעס; מעטאדעס פאר דיא װאס װילען זיך אלליין לערנען אהן די הילף פון א לעהרער פערשיעדענע לשונות: לשון הקודש, רוסיש, פאלניש, דייטש, פראנצאזיש, ענגליש אונ שפאניש, קאלינגראפישע העפטען אליין זיך אויסצולערנען אהן די הילף פון א לעהרער שאן שרייבען אקערליי שפראכען; פערשיעדענע בילדער, שאנפעציערטע מזרח'ס אונ אהל-בילדער פון פערשיעדענע יודישע גרויסע לייט צום אויסציערען א יודישע שטוב; שאן פערפוצטע יאהרצייטען מען זאלל נישט פארגעסען דעם יאהרצייט-טאג פון עלטערן אונ בעקאנטע; פערשיעדענע תפלות אונ אזהרות אויף צו האנגען אין א בית הכנסת; תפלין, בתים, פרשיות, רצועות אונ שיידלעך צו תפלין; מזוזות, שיידלעך צו מזוזות, מגלות געשריבען אויף פארמעט, גידין צו צונעהען תפלין אונ ספרי תורות; טליתים פערשיעדענע סארטען װאללענע אונ זיידענע, טליתים קטנים באװעלנע אונ װאללענע; ציצית, כפול-שמנה ציצית, ארץ ישראל ציצית; גארטלען קאמנארענע אונ זיידענע, קאפלען פראסטע, סאמעטענע אונ זיידענע, טלית זאקלעך אונ תפלין ביײטעלעך, מענטעלעך צו ספרי תורות, פרוכת'ן, עטרות צו טליתים אונ צו קיטלען, שפאניעס צו קינדער קאפלען, שופרות, הבדלות אונ נאך א סך זאכען װעלכע זענען שייך צום מסחר פון ספרים. מען קאנן אויך ביי מיר אבאנירען פערשידענע צייטונגען אונ זשורנאלען לויט רעדאקציאן פרייז.

## די לעבענסבעשרייבונג פון גרויסען גאון

# רבי שלמה אפרים

דער בעל מחבר פון די היילינע ספרים

עוללות אפרים אונ כלי יקר.



וויא עס איז מיט איהם דערגאנגען פון זיין געבארען אן ביז ער איז אויפגענומען געווארען פאר איין רב אונ ראש ישיבה אין פראג.



## ווארשא

פערלאג אונ אייגענטהום פון יהודה ליב מארגענשטערן,
בוכהאנדלונג אין ווארשא, פראנציסקאנער שטראססע № 26
סנה תרס"ב לפ"ק

אין יאר פינף טויזנט דריי הונדערט איז געוועזן איין מענטש אין לאנד
פולין ער האט געהייסן רבי אהרן דער רבי אהרן איז געוועזן זייער
איין גאנץ פארכטיגער זיין פרנסה איז געוועזן ער האט געהאלטין די
הערענדי פון דעם דארף לונשיץ אין פולין ער האט געהאט זון אונ
טעכטער דאס גליק איז אבער ניט דעם מענטשין אויף איביגי אין
אזו איין צייט איז רבי אהרן זייער פר ארעמט געווארן ער האט ניט
גיהאט די ראנגע צו צאלן דעם דוכוס וואס ער האט פון אים די
הערענדי געהאלטין אונ איז פון פריער אויך זייער פיל שולדיג געוועזן
איז דער דוכוס זייער בייז געווארן אויף איהם אין דער צייט ווען די
פולישע מלוכה האט רעגירט האט איטליכער שר אודר דער דוכוס אין
זייגע גיטער געטאן וואס ער האט געוואלט אויך דיני נפשות האט ער
אליין דן געוועזן האט דער דוכוס איין באפעהל געגעבין מען זאל
דעם רבי אהרן מיט זיין ווייב אונ קינדער נעמין אין דער תפיסה
אריין • פר פולין איז געוועזן די תפיסה איין גרוב האט מען געביך
געווארפן דער אכזר דער דוכוס האט באפולין מען זאל זיי קיין
עסין ניט צו לאזין אונ אלע מיסטן וואס מען וועט אלע טאג אום
קערין זאל מען אויף זיי ווארפן אין דעם גרוב אריין אזו לאנג
ביז עס וועט ניט געצאלט ווערין וואס ער איז שולדיג אונ ווער עס
וועט זיך אונטער שטעלן אונ יזא עסין געבין וועט זיין בלוט פר גאסין
ווערין • בעת ההוא איז דאס ווייב פון רבי אהרן מעוברת געוועזין
האט איינער פון דיא קנעכט גרוס רחמנות בייא קומן אונ האט זיך
דער בארימט איבר זייא פלעגט ער אלע טאג צו נעמן ברוט אונ
וואסער פון דוכוס הויז בסוד אונ איז געגאנגן צום גרוב אונ האט זיך
גשטעלט פון ווייטן אונ האט קיינעם ניט געזעהן האט ער דאס
ברויט מיט דעם וואסר אריין געווארפן אין גרוב אריין אונ איז באלד
אנטלאפן אזו האט דער קנעכט געטאן אלע טאג נאך מער האט דער
קנעכט זיך איין גשטעלט זיין לעבן אונ האט גבעטן דיא איבריגע
קנעכט זייא זאלין דאס מיסט ניט אריין ווארפין אין גרוב אריין רבי
אהרן מיט זיין ווייב האבן ניט גוויסט ווער האט זייא דאס עסין
אריין געווארפין :

נאך זעקס חדשים פון דעם תפוס גענומן האט זיין ווייב אן געהויבן צו
קינד גיין אונ האט געהאט איין בן זכר טאקי אין גרוב וויא זייא
זענין גיוועזן דאס קינד איז זייער שיין געוועזן זיין גלייכן איז ממש ניט
געוועזן אויף דער גאנצער וועלט עס איז אין גרוב לעבטיג געווארן וויה
דאס קינד איז אלט געווארן אכט טאג האט עס דער פאטר מל געוועזן

**אזו װיא גאט ברוך הוא האט געבאטן אין דער תורה אונ האט אים איין נאמן געגעבין שלמה אפרים :**

נאך דעם װיא דאס קינד איז אלט געװארן איין חודש האט זיך השם יתברך אן געהובן צו דר באַרמן איבר רבי אהרן אונ זיין װייב אונ קינדר װי דער קנעכט איז געקומן אריין װארפין דם עסין אזו װי זיין מנהג איז געװען האט ער געזעהן איין גרוס לעכט װאס לייכט אין גרוב האט זיך דר קנעכט ניט געקענט אויף האלטן אונ איז געגאנגן צום גרוב אונ רופט אהרן װאס פאר איין לעכט איז מיט אייך אין גרוב האט אים רבי אהרן געענפערט איין זון האט מיין װייב געבורן װאס זיין שיינקייט געפינט מען ניט אין דער גאנצר װעלט דאס איז דאס לעכט װאס דוא זעהסט · האט זיך דר קנעכט אום געקערט אונ איז אהיים געגאנגן אונ האט פאר קיין שום מענטש געדאכט :

ויהי אונ עס איז געװען דם אלע קנעכט זענין געשטאנען פאר דם דוכוס ·

אונ דער דוכוס איז געזעסין אויף דר שטול אזו װיא זיין שטייגער איז געװען האט דר דוכוס געפרעגט װער װייסט עפיס פון דעם יודין מיט זיין װייב אונ קינדר װאס זייא זענין שון מער פון אהאלב יאר אין גרוב עס איז שון בודאי קיין שום געדעכעניש פון זייא · האט דער קנעכט געזאגט היינט בין איך גראד געגאנגן לעבין גרוב מיין װעג האב איך געזעהין איין גרוס לעכט · האב איך מיך געקערט הין אונ אהער האב איך דר זעהין פון דם גרוב שיינט דאס לעכט אזו בין איך געגאנגן צום גרוב אונ אן געפאנגן צו שרייען אהרן אהרן · האט מען מיר שון געענטפערט פון דם גרוב דא בין איך האב איך איהם אזו געפרעגט אהרן דוא לעבסט נאך ענטפערט ער מיר מיר לעבין אלע · פרעג איך איהם װער גיט אייך עסין האט ער געענפערט איך װייס ניט נאר גאט ברוך הוא מיט זיין פיל דר בארימקייט איז אונז מפרנס ער װארפט אונז אריין אלע טאג אונזער שפייז · פרעג איך איהם װאס פאר איין לעכט איז אין גרוב · האט ער מיר ענטפר געגעבין עס איז מיר געבורין געװארין איין בן זכר פון איהם שיינט דם לעכט ער האט מיר געװיזין דאס קינד האב איך געזעהן אז ער זאגט אמת :

ויהי אז דר קנעכט האט אויף געהערט צו רעדין איז דר דוכוס זייער אין כעס אריין געקומן אונ זאגט װי אזו טוסטו רעדין װי איין משוגע איז דען מעגליך איין מענטש זאל קענין לעבן זיבין חדשים אן עסין האב איך דען ניט באפולין מען זאל איהם קיין עסין געבין האט איהם דען ניט שון דם מיסט פאר דעקט װוס איך האב געהייסין אלע טאג אין גרוב אריין שיטן װער האט זיך אונטר

אוּנְטֶער גְנוּמֶען מַיין פְּעֶל נִיט צוּא הַאלְטֶען הָאט אִים דֶר קְנֶעכְט גֶעֶנְטְפֶערְט עֶס אִיז אַזוֹ אֶמֶת וויא אִיךְ דֶר צֵייל דִיר פָארְט וָואס זָאלְסְטוּ נִיט גְלֵייבֶּען מַיין הַאר מִיר ווייסֶען שׁוֹין פוּן לַאנְג אוּנ אוֹיךְ אוּנְזֶערֵי עֶלְטֶערֶן הָאבִּין דֶר צֵיילְט אַז דִי יוּדֶען טוּט תָּמִיד זֵייעֶר גָאט וואוּנְדֶער שֶׁלֹּא כְּדֶרֶךְ הַטֶּבַע וָוארוּם זֵייעֶר גָאט פוּן זֵייעֶרֵי עֶלְטֶערִין הָאט זֵייא לִיבּ ווייסְט דוּ דֶען נִיט אַז אֵיין מֶלֶךְ הָאט זֵייעֶר פָאטֶער אברהם גְוָוארְפֶען אִין קַאלְךְ אוֹיבֶען אוּנ גָאט הָאט אִיהְם מַצִיל גֶעוֶוען אוּנ אוֹיךְ זֵייעֶר גָאט הָט גִישְׁפֵּייזְט זֶעקְס מָאל הוּנְדֶערְט טוֹיזֶנְט מַאן חוּץ ווייבֶּער אוּנ קִינְדֶער אַז זֵייא זֶענִין פוּן מִצְרַיִם אַרוֹס גְגַאנְגִין אִין אֵיין ווִיסְט לַאנְד וָוס דָארְט אִיז נִיט גֶעוֶוען גְזֵייעֶט פֶערְצִיג יָאר הָט זֵייא גָאט דָארְטֶען גְשְׁפֵּייזְט מִיט מָן אוּנ וַואכְטְלִין פוּן דֶם הִימֶל אַלֶע טָאג • פוּן אֵיין שְׁטֵיין הָאט זֵייא גָאט וַואסֶר גְגֶעבִּן אוּנ נָאךְ מֶער וואוּנְדֶער וָואס מֶען קֶען גָאר נִיט אוֹם דֶר צֵיילֶען דֶם קֶען קֵיינֶר נִיט לֵייקֶענִין וַוייל עֶס אִיז אִין אוּנְזֶערֵי בִּיכֶר אוֹיךְ פַאר שְׁרִיבֶּען אַצוּנְד פַאר וָוס זָאלְסְטוּ נִיט גְלֵייבִּין אַז גָאט הָט דֶם אהרן אוֹיךְ גְשְׁפֵּייזְט מִיט נִסִּים • תָּאמְשִׁי דוּא הָאסְט גְהֵייסֶען דֶם גְרוּבּ מִיט מִיסְט פַאר שִׁיטִין וֶוער קֶען ווִיסֶען וויא אַזוֹ גָאט הָט דֶם גְרוּבּ אוֹם גְרֵיינִיקְט עֶס זָאל אִים נִיט שַׁאדִין דֵיינֶע קְנֶעכְט הָאבִּין דֵיין גְזֵירָה בְּוַודַאי מְקַיֵּים גֶעוֶוען גָאט הָט אָבֶּר אוֹיף אִים רַחֲמָנוּת גְהַאט אוּנ אוֹיף זֵיין קִינְד וָואס הָט בַּדַארְפְט גְבָּארִין וֶוערִין הָאט עֶר אִים נִסִּים גְטָאן וויא צוּא זֵיינֶע עֶלְטֶערִין אֶפְשָׁר ווילְסְטוּ מִיר נִיט גְלֵייבֶּען לָאז דֶר הַאר דוּכּוּס אַלֵיין גֵיין צוּא דֶם גְרוּבּ ווֶעסְטוּ זֶעהֶן אוֹיבּ אִיךְ זָאג לִיגִין שְׁפַּאגִין זֵיין קַארִיטֶע אִיז עֶר מִיט זֵיין ווייבּ הַדוּכְּסָה גְפָארֶען צוּ דֶם גְרוּבּ הָאט דֶר דוּכּוּס גְרוּפֶען אהרן הָאט עֶר גְעֶנְטְפֶערְט דָא בִּין אִיךְ מַיין הַאר פְרֶעגְט אִים דֶר דוּכּוּס וֶוער הָט אִיךְ גְגֶעבִּין אַיֶיער אוֹם גֶעצְט בְּרוֹט אִיר זָאלְט מַאכִין לֶעבִּין אֵייעֶרִי לֵייבֶּר הָט רבי אהרן אִיהְם גִיעֶנְטְפֶערְט מַיין גָאט אוּנ גָאט פוּן מַיינִי עֶלְטֶערֶן וָוס עֶר שְׁפֵּייזְט פוּן דֶר גְרֶעסְטֶער חַיָּה וָואס עֶר הֵייסְט רְאֵם בִּיז דֶם קְלֶענְסְטִין וֶוערְמִיל דֶר הָאט אוּנְז אוֹיךְ גְשְׁפֵּייזְט דוּרְךְ וֶועמִין ווייס אִיךְ נִיט זָאגְט דֶר דוּכּוּס ווייז מִיר דֵיין קִינְד וָוס אִיז בֵּייא דִיר דָא גְבָּארִין גְוָוארִין הָאט אִים דִיא מוּטֶער גְוויזֶען דָאס קִינְד:

ויהי אִינ אַז דֶר דוּכּוּס מִיט דֶר דוּכְּסָה הָאבֶּען גְזֶעהֶן דֶם קִינְד אוּנ זֵיין שֵׁיינְקֵייט וָואס זֵיין גְלֵייכֶען אִיז אִין דֶר גַאנְצֶער וֶועלְט נִיט דָא הָאט זִיךְ דֶר דוּכּוּס מִיט דֶר דוּכְּסָה זֵייעֶר פַאר וואוּנְדֶערְט אִינ דֶר דוּכּוּס הָאט קֵיין קִינְד נִיט גְהַאט הָאט גְזָאגְט דֶר דוּכּוּס צוּא

רבי אהרן הער מיך צוא וואס איך וועל דיר זאגן שענק מיר דס קינד איך וועל אים דר ציען ער וועט מיר זיין פאר איין זון אונ דיין נאמן זאל ניט גבראכט ווערין אוף איהם אייביג אז דוא וועסט אזו טאן וועל איך אייך פרייא אום ציען פון דעם גרוב אונ וועל דיר די האר ענדרע נייבין אום זיסט אן באטע ווייל דו וועסט לעבין :

ויהי וויא רבי אהרן האט געהערט די רייד מהדוכס איז ער פאר טומילט גווארין ער האט ניט גוויסט וואס צו ענטפרין הט ער זיך אין הארץ גטראכט אז איך וועל ניט וועלין איהם שענקין דס קינד וועלין מיר דא אלע פאר לזרין ווערין דען ניט אלע טאג טרעפט זיך איין נס עס איז בעסיר מפקיר זיין דס קינד כדי מיר זאלן לעבן בלייבן האט רבי אהרן גזאגט צום הדוכס גיט אזו ווי דו זאגסט אזו וועל איך טאן אונ האט ארוף דר לאנגט דאס קינד שלמה אפרים פון דעם גרוב האט דר דוכוס גאיילט אונ האט תיכף איין אם צו גנומן אונ מען הט דס קינד גיבראכט צום דוכוס אין הויז אריין אונ ער איז צו אים געוועזן פאר איין זון אונ הט רבי אהרן מיט זיין ווייב מיט זיין גאנץ הוז גזינד פרייא גלאזט אונ דר דוכוס האט מקיים געוועזן וואס ער האט אים מבטיח גוועזן • דס קינד שלמה אפרים איז געוועזן אין הויז פון דעם דוכוס זיין נאמן שלמה אפרים האט דר דוכוס פון אים אפ גטאן אונ האט אים איין אנדרן נאמן גגעבין דר דוכוס הט אים זייער ליב גהאט וואס מיין אטאג האט ער דס קינד מעהר ליב גהאט זיין גאנץ לעבין האט גהאנגין אין דעם קינד ווען ער האט דס קינד ניט געזעהין איין שעה האט ער ניט געקענט איין רוען דאס קינד איז עלטר גווארן האט מען אים אנטוויינט אונ דר דוכוס האט גמאכט איין גרוסע סעודה פר אלע שרים וואס זענין גוועזן אינטר זיין ממשלה גאט איז גוועזן מיט דעם קינד דר דוכוס האט גלאזט לערנין דאס קינד אלי חכמות וואס עס גפונט זיך אין דר וועלט ביז ער איז אלט גווארין צעהן יאר הט ער שון געקענט אלע חכמות הט אים דר דוכוס נאך ליבער גהאט ער הט מיט דעם קינד בייא זאמין געגעסין אונ גשלאפין דס קינד האט גרופין דעם דוכוס טאטי אונ די דוכסה מאמי דס קינד הט ניט גוואוסט צו ער איז גבארין פון איין ישראל ווייל דר דוכוס הט אן גזאגט מען זאל אים ניט אוס זאגין פון דר גאנצר זאך :

כיסים הרם אין דר צייט איז רבי אהרן דר פאטר מהנער גשטארבן איז שון דס ווייב מיט דעם גאנצין בני בית אוועק פון דר אוהר ענדרע מקום ווייער זאמן איז פר גיסין גווארין שון אוף דעם אורט :

אחרי הדברים האלה · הט דר דוכוס גמאכט איין גרויסן באל אויף אלע שרים · דיא שרים האבין אלע זייער גוואונדערט אויף דם שונקייט מהנער אונ נאך מער אויף זיינע חכמות . עס איז ניט גוועזן איין חכמה . ער זאל זיא ניט וויסן האבין זיי זיך אלע זייער גוואונדערט הט אים דר דוכוס נאך מער ליב גהאט :

ויאמר הנער הט גזאגט הנער צו די שרים . עס איז ניט דא איין חכמה וואס איך האב זיא ניט גלערינט אונ זאל זיא ניט גרינטליך פאר שטיין האט איינר פון דיא שרים גזאגט אל הנער איך בין גוועזן אין פאריז האב איך דארט גזעהן איין כלי זמר אויף איין גייע מאדע וואס אלי חכמת המוזיקא וואס זיין אונזרי לענדר גפונן זיך ניט אום שטאנד צו שפילן אויף דם כלי זמר :

ויהי אז הנער הט דם גהערט הט ער גרוים חשק בייא קומן צו פארין . קיין פאריז . ער זאל דארט לערנין נאך די הכמה אויך דר דוכוס האט אים ניט אפ גשלאגין דר פון אונ איז מיט אים גפארן . קיין פאריז . ער זאל לערנין דארט די חכמה אין איין . קערציר צייט הט דר נער די חכמה אויך אויס גלערינט הט דר דוכוס אים גקויפט דם כלי שיר אונ איז מיט אים אהיים גפארין מיט גרויס פרייד הט דר דוכוס גמאכט איין גרויסן באל פאר אלי אנדרי דוכסים אונ שרים ווי זייא זענין אלי לוסטיג גוואורין פון דם וויין הט הנער אן גהובין צו שפילין אויף דם גייעם כלי זמר · וואס ער הט גבראכט פון פאריז האבן זייא זיך אלי שטארק גוואונדרט הט דר דוכוס אים נאך ליבר בעקומין :

ויהי כי ארכו הימים ביז הנער איז אלט גוואורין דרייצעהין יאר ער זאל הייב זיין אן הייבן תפילין צוא לייגין אזו ווי די תורת הקדושה הייסט . עס איז נאך גוועזן איין חודש צוא דרייצעהן יאר והנער איז גשלאפין מיט דם דוכוס אין איינים אין איין בעטיל הט זיך אים גחלומט אז איין אלטר מאן שטייט לעבן אים אונ זאגט אים זאלסט וויסן אז איך בין דיין פאטר אונ דו ביסט מיין זון דוא הייסט מיט דיין נאמן שלמה אפרים אונ דר פאטר הט אים דר ציילט גאר די גאנצי מעשה ווי אזו . עס איז מיט אים דר גאנגין פוני אנפאנג ביז לעצט אונ . ווי אזו . ער איז גבורין גוואורין אין דרויב אונ זאגט אים ווייטר אין חלום זאלסט וויסן מיין קינד אז נאך אין איין חודש ווערסטו דרייצעהן . יאר ווערסטו שולדיג זיין תפילין אן הייבן צו לייגין אונ אויך אין אלע מצות וואס אין דר הייליגר תורה שטייט וואס גאט הט געגעבין די יודין אויף דם בארג סיני זאלסטו

ווען מיין קינד זאלסט אנטלופין פון דם יזכוס אין איין ווייטי שטאט
אריין כדי זאלסט קענן ווידר איין יהודי בלייבין דו וועסט מיט דר
צייט זיין איין גרוסר רב אונ היט דיך פון אצונד אפ פון דם יצר הרע
הט זיך הנער אויף געוואכט פון דם שלאף אונ הט דם חלום
אין גאנצין גדיינקט הט אים אן גהובין זייער דם הארץ צו קלאפין
אונ הט איין שלעכט פנים באקומן הט אים דר דוכס גיפרעגט
ווס האסטו אזו איין שלעכט פנים באקומן ווס ביסטו אזו
טרויעריג אבר הנער הט אים עפיס פאלשי תירוצים געענפרט • אזו
הט זיך אים גחלמת אלע נאכט אונ אלע מאל מער. ער זאל זעהן
מאכן צו אנטרינן זיין לייב פון באנין ווי עס איז גקומן די וואך
ער הט שוין גזאלט בר מצוה ווערין הט אים דר פאטר אן
גהובן צו שרעקין אונ שלאגן אין חלום הט זיך דר יונג אויף
גחאפט מיט איין גרוס ציטרניש אונ מיט איין גרוס גוויין אונ הט
דר ציילט דם דוכס די גאנצי גשיכטי איז דס גווען איין גרוס
וואונדר דם דוכס וייל ער הט גוואוסט אז די גאנצי זאך איז
אמת פון דעסט וועגין הט אים דר דוכס אן גהויבן אום צו ריידן
אונ הט אים גזאגט צו ווס זאלסטו מיינן אז חלומות הט עפיס
איין ממשות • פאר וואר איך האב דיך גמאכט גוויינן איך בין דיין
טאטי אזוי איין חכם ווי דו ביסט זאלסטו גלייבן אין חלומות •
הנער אבר הט זיך ניט גקערט צו זיינע רייד אונ זיך ניט גלאזט
טרייסטן בשום אופן:

ויהז אז עס איז גקומן די נאכט ער זאל ווערין דרייצעהן יאר איז
רבי אהרן זיין פאטר נאך איין מאהל גקומן צו איהם אונ הט
אים איין גרוסן פחד גמאכט מיט שלאגין הט אן גהובן הנער זייער
צו שרייען יעמרליך הט זיך דר דוכס איבר גשראקן פאר זיין
גשרייא איז ער אויף גשטאנן אונ איז גגאנגן אין איין אנדר חדר
אריין אזו איז הנער גבליבן גאנץ אליין איז דר פאטר גקומן בהקיץ
אונ הט איהם נאקיט ארוס גנומן פון דם בעט אונ הט אים
אוועק גטראגין קיין פראג אין דר געפליכר נאכט אונ הט איהם
אנידר גשטעלט בייא דר שול ווס מען רופט זיא אלט נייע שול
אונ הט גזאגט דא זאלסטו שטיין ביז עס וועט טאג ווערין אזו וועט
קומן דר שמש עפנן די שול אונ וועט דיך פרעגין ווער ביסטו
זאלסטו אים ענטפרין פיר מיך צום ראש ישיבה אזו וועל איך אים
ווס אין מיין הארץ אויז זאגין אונ אז דו וועסט קומן צום ראש
ישיבה זאלסטו אים דר [illegible]צילן די גאנצע מעשה ווי אזו עס הט
זיך מיט דיר גפירט פון דיין גבורין ביז אין דר בר מצוה אונ זאלסט

אים דר ציילן וויא דו קומסט אהער אונ איהם זאגן פון מיינים וועגן אז איך האב איהם זייער געבעטן ער זאל מיט דיר לערנין אונ זאל השגחה געבן אויף דיר:

ובעת ההיא איז גוועזן אראש ישיבה אין פראג • רבינו הגדול גאון הגאונים מהר"ר יודע ליווע בעל המחבר ספר גור אריה וואס ווערט גרופן מהר"ל מפראג אונ אזו איז געוועזן אז עס איז טאג געווארן איז דר שמש געקומען עפינין די שול האט ער געזעהן איין באקיט יונגעל שטיין האט אים דר שמש גפרעגט ווער ביסטו האט אים דס יונגעל גזאגט פיר מיך אפ צום ראש ישיבה האט אים הנער דר ציילט וואס מיט אים האט זיך גפירט פון זיין גבורין ביז אציגד ווי זיין פאטר האט אים אן גזאגט אונ אז ער הייסט שלמה אפרים אונ היינט ווערט ער בר מצוה אלדינג האט ער אים דר ציילט אזו ווי מיר האבן גשריבן:

ויקח אותו מהר"ל מפראג • האט אים גנומען דר ראש ישיבה אונ האט אים אן גטאן תיכף קליידר אונ האט אן גהובן מיט אים צו לערנן אונ דר נער שלמה אפרים מיט זיין ברייטען שכל אונ פיל פאר שטאנד אונ זיין היילגע נשמה האט ניט לאנג גדויערט איז ער געווארן איין מופלג גדול גאט איז געוועזן מיט אים אונ אלע זייני וועגין האט ער באגליקט:

ויהי אונ אז דר שלמה אפרים איז געוועזן בייא דם מהר"ל מפראג שוין צווייא יאר האט דר דוכוס גדענקט אין זיין שיינקייט אונ אין זיין חכמה איז דר דוכוס שרעקליך קראנק געווארן מחמת גרויס ליבשאפט אלע דאקטורים האבן גזאגט ער קען אנדערש קיין רפואה ניט האבן סיידן ער וועט גרייבן די זאך וואס ער גליבט אודר ער זאל זיך גאר אויס די גדאנקין ארויס שלאגין אונ זאל מער די זאך ניט ברייגן אויף זיין הארץ קען ער גהיילט ווערין • ויהי אז הדוכוס האט דם גהערט האט ער זיך פאר גנומן צו פארן אין דר וועלט אזו לאנג ביז ער וועט אים גפוגין אונ עס איז אזו געוועזן דר דוכוס האט מיט זיך גנומין זייער פיל געלט אונ איז גפארין פון שטאט צו שטאט אונ פון דארף צו דארף צו זוכן את הנער אויף איטליכן אורט ווי ער איז גקומין אונ וועמין ער האט באגעגינט אויף דם וועג האט ער גפרעגט האט איר ניט געזעהן אזו איין יונג אזוי אונ אזוי איין פנים האט ער • האט אים איטליכר געענפרט ניין עס האט גדויערט איין צייט אינ איטליכר האט גזאגט ניין מיר האבן ניט גזעהן אזוי איין יונג:

ויהי הדוכוס איז ווייטער גפארן האט ער באגעגינט איין בעטליר

האט ער איז גפרענט דו גייסט אוים אזוי פיל שטעט אונ דערפיר האסטו ניט געהערט אודר גזעהן איין נער אזו אונ אזו איז זיין גשטאלט האט אים דר בעטליר געפירט גיין. איך וויים ניט האט דר דוכום אן גהויבין צו וויינין אונ אים גבעטין טאמיר ווייסט יוא עפים פון דם נער האט אים דר בעטליר נאך איין מאל געפירט אז איך זאל וויסין וואלט איך דיר בוודאי גזאגט נאר איך וועל דיר איין עצה גיבין דא ניט וייט אין וואלד זיצט איין מענטש ער וועט דיר בוודאי זאגין ווי ער איז נאר וום ער וועט דיר הייסע טאן זאלסטו אים פאלגין האט דר דוכום אזו גטאן אונ איז גפארין צו דם וואלד אונ האט אים דארט גטראפין האט דר דוכום פאר אים גוויינט אונ גבעטין איך האב גיהערט אז דו ביסט איין גרוסר קינצלער אונ האט אים דר ציילט עס איז פון אים פלוצלינג איין נער אוועק עס גייט מיר אין מיין לעבין זאג מיר ווי ער איז האט אים דר מענטש גזאגט בלייבט דא בייא מיר איבר נאכט וועל איך וויסין אין דר פריא וום צו זאגין האט דר דוכום דארט איבער גנעכטיגט די נאכט אזו האט דר מענש גבראכט איין גאנצע נאכט מיט כישוף. עס איז גקומין פריא זאגט ער איך וויים שוין ווי ער איז אין פראג בייא איין היילגין רב דר רב האט אויף אים זייער גרוים אויף אכט אונ היט אים זייער אפ. עס זאל אים קיינער ניט קענין פון אים אוועק גנעמין נאר איין עצה גיב איך דיר אוב דו האסט כ״ט דיר עפים איין זאך וום דר נער האט תמיד לוסט גהאט דר צו נעם די זאך מיט דיר אונ פאר קיין פראג האט זיך דר דוכום דר מאנט אין דם גייען כלי זמר וום ער האט פון פאריז גבראכט אונ צו דם כלי זמר האט דם יונגיגל זייער לוסט גהאט מיט דם האט ער אפ גפירט דם גאנצן טאג אזו האט דר דוכום תיכף גשיקט אהיים נאך דם כלי זמר האט מען דם כלי זמר גבראכט איז הדוכום מיט דם מענש גפארן קיין פראג:

ויהי אז זיי זענין גקומען קיין פראג איז שוין גוועזן נאכט האבן זיי גנעכטיגט אין איין הארבריג והרב מהר״ל האט שוין גוויסט מיט זיין רוח הקודש וום עס טוט זיך האט הרב מהר״ל גרופן אלע זיינע תלמידים ויאמר אונ האט גזאגט הערט אוים מיינע תלמידים וום איך זאג אייך אז איר זאלט נעמען דם נער שלמה אפרים אונ זאלט מיט אים לערנן די גאנצע נאכט ניט אוף הערן אונ איר זאלט די גאנצי נאכט ניט שלאפין אפילו אמינוט אונ צו האלטין שלמה אפרים מיט גוואלד ער זאל אגאנצי נאכט ניט ארוים

אין אזוי אז ער וועט רייען אונ אייך בעטן ער זאגט אים ארויס לאזן ווייל ער דארף פון זיינט וועגן זאלט איר אים ניט הערן איר זאלט אייך אויף אים ניט דר בארעמן אונ איך וועל גיין אין מיין חדר אריין אביסיל זיך אפ רוען איז הרב מהרל אוועק גיגאנגן אונ די תלמידים האבן אזוי גיטאן ווי ער הט זיי אן גזאגט אונ האבן זיך גזעצט מיט שלמה אפרים לערנן אין בית המדרש פון הרב מהרל אונ האבן אים שטארק גיהאלטן נעבן זיך •

ויהי באישון הלילה עס איז גיוועזן פינצטער שפעט אין דר נאכט איז גיקומן דר דובכוס צו פארן מיט דר קאריטע פר דעם בית המדרש אזוי הט אן גיהובן דר מענש אן צו צינדן דם הארץ פון דעם נער שלמה אפרים ער זאל ארויס גיין פון דעם בית המדרש אזוי האבן אים די תלמידים מיט גרים קראפט צו גהאלטן אונ האבן אים ניט גילאזט הט ער אן גיהובן צו שפילן אויף דעם נייעם כלי זמר וויא שלמה אפרים הט גיהערט דם קול פון דעם כלי זמר הט ער זיך אן גיהובן צו בעטן ביי די תלמידים זאלן אים ארויס לאזן זיי האבן אבר צו זיין גיבעט ניט גיקערט ווי דר הט גזעהן אז ער קאן ניט ווערקין הט ער גיבראכט איין שטארקן שלאף אויף אלי מענשן וואס אין בית המדרש זענין גוועזן איז נאר גבליבן דר נער שלמה אפרים וואס איז ניט גישלאפן אונ אז ער הט דר הערט נאך אמאל שפילן אויף דעם כלי זמר הט ער איין שפרינג גיטאן צום פענצטר אונ הט מיט זיין האנט אויס גישלאגן דעם פענצטר אונ איז ארויס הט דר דובכוס אים תיכף גחאפט אין דר קאריטע אריין אונ זענין מיט אים אנטלאפן אין דעם הארבעריג אריין וויא די זאך איז גישעהן הט הרב מהרל אין שלאף דר פילט הט ער זיך אויף גיוואכט פון דעם שלאף אונ איז גילאפן אין בית המדרש אריין הט הרב דר וויסט אלי שלאפן אונ שלמה אפרים איז ניטא הט זיי הרב מהרל אלי אויף גיוועקט מיט איין גרויס ציטערניש אונ הט גישריגן מיט איין ביטער גישריי וויי וויי אויף דר היילגר נשמה וואס איז ווידר גיפאנגן גיווארן :

ויסע הדובכוס איז דר דובכוס גיפארן צהיים ער זאל ברייגגן איין שפיפט אז הנער שלמה אפרים איז יוא זיין זון דר וייל הט מען דעם נער אפ גיגעבן צוריק להרב מהרל אין דר האנט אריין האט הרב מהרל זייער מורא גיהאט טאמיר וועט דר דובכוס יוא ברייגגן פון מלכות פוילין אז דם איז זיין זון נוארום אויף איין גס טאר מען זיך ניט סומך זיין הט הרב מה״ל

גריפן דעם נער שלמה אפרים אונ האט אים גזאגט דו ווייסט
זייער גוט וואס פר יסורים איך האב שוין גליטין דורך דיר אצונד
טאמער קומט יוא דר דוכוס צוריק מיט איין שריפט פון פולין אז
דו ביסט זיין זון לבן מיין קינד איז מיין ראט דו זאלסט גיין צום
ראש ישיבה קיין פרעסבורג ער איז איינר פון מייני חשובי תלמידים
ער זאל אויף דיר השגחה געבן אזו ווי איין פאטר אונ איך וועל
דיר מיט געבין אבריף מיט מיין אונטר שריפט אונ וועל אים
שרייבן אלץ וואס מיט דיר איז דר גאנגן השם יתברך וועט דיר
העלפן הט הרב מהרל גבענטשט אים אונ הט אים גיגעבן
דעם בריף אין דר האנט אריין אונ הט אים אוועק גשיקט קיין
פרעסבורג דעמאלט איז שלמה אפרים שוין אלט גיוועזן זעכצן יאר
ויהי אז דר שלמה אפרים איז גיקומן קיין פרעסבורג אונ הט אפ
גיגעבן די בריף פון הרב מהרל הט זיך דר ראש ישיבה זייער
דר שראקן פון דעסט וועגין הט אים דר ראש ישיבה גזאגט מיין
קינד זיץ דא ביי מיר איך וועל אויף דיר השגחה געבין איך זאל
דיך אפ היטן זאלסט ניט ארויין פאלן נאך אמאל פארבט דיך
ניט איז שלמה אפרים גיזעסן אין פרעסבורג אונ זיין נאמן הט
אן גיהויבן צו גיין אלי מאל גרעסר ביז ער איז זייער גרוס גוואָרן
אונ גאט איז גיוועזן מיט אים :

ויהי עס איז גיוועזן איין מענש אין פרעסבורג איין גרוסר עושר
ער הט גינומן דעם שלמה אפרים צו זיך אין הויז אריין אונ
הט אים גיגעבן עסן אונ טרינקן אונ אן גיקלייד מיט שיינע קליידר
אזו ווי זיין אייגן קינד ווייל דר עושר האט קיין זכרים ניט גהאט
נאר איין איינציגע טאכטר ער הט זיך פאר גנומן ער זאל זיך
כיט אים משדך זיין איז שלמה אפרים גיוועזן אין דעם עושרס
הויז דריי יאר יהט דר נער זייער נושא חן גיוועזן ווער עס הט
אים גיזעהן :

אחר הדברים האלה הנער שלמה אפרים פל-צלונג מצורע גוואָרן
פון די פוס ביז צום קאפ האבן די דאקטורים גזאגט ער
קען אנדרש ניט גהיילט ווערן היידן ער זאל אלי טאג איי די
זון גייט אויף אונ פר נאכט איי די זון פר גייט פארן אין
שטאט שפאציר גארטן דארט זאל ער איין עתה פון צווייא שעה
שפאצירן אונ זאל שמעקין דעם גוטן גשמאק וואס דארט איז פון
די גוטי גראזן אונ גוטי בוימר אזו זאל ער זיבן וואכן טאן וועט
ער גיהיילט ווערן פון די קרעץ הט דר עושר אזו גטאן אלי
טאג הט ער אים גשיקט מיט זיין קאריטע אונ מיט זיין משרת

אין

אין שפאציר גארטן אזוי ווי די דאקטורים האבן גיהייסן האט מען גיזעהן בייזשאנפערליך אז עס איז אלי טאג בעסיר וויא עס איז גקומן שון דר לעצטר טאג איז דר משרת מיט הנער גיפארן צום שפאציר גארטן האט זיך דר משרת גישטעלט מיט זיין קאריטע נעבן טויער ווי מען גייט אריין אין גארטן איז הנער שלמה אפרים גיגאנגן שפאצירן אזוי ווי גוויינטליך ווי ער איז אזוי אליין אריין גיגאנגן האט ער זיך גשטעלט אונטר אבוים אונ האט אן גיהובן צו טראכטן מיט זיינער רייער מחשבה מיט אזוי אשטארק טראכטן אז ער האט ניט מרגיש גיוועזן ווי ער איז אונ איז אזוי גישטאנען אונ האט זיך פון דעם אורט ניט גירירט דר משרת האט גזעהן אז ער וואכט זיך אונ קומט ניט צוריק האט דר משרת אן גיהובן צו שרייאן אונ צו רופן בייא דעם נאמן שלמה אפרים עס ענפערט אים אבער קיינער ניט איז דר משרת גיגאנגן אום זוכן אונטר דעם בוים מיט גרוסי גידאנקן האט זיך דר משרת גיטראכט וואס זאל איך דא שטיין אזוי איך קען אים ניט גיפונען מן הסתם גייט ער ארום אין גארטן אודר ער איז אוף אנדרער וועג אהיים גיגאנגן אזוי איז דר משרת אהיים גיפארן ווי דר משרת איז אהיים גקומן האט אים דר בעל הבית גיפרעגט ווי איז שלמה אפרים האט אים דר משרת דר ציילט די גאנצי מעשה האט זיך הבעל הבית גטראכט מסתמא איז ער אוף איין אנדר וועג גיגאנגן אינ בלאנזיט שלמה אפרים איז אבר טאקי אין גארטן גבליבן שטעט אין דר נאכט ווי ער איז אזוי גישטאנען טאקי אונטר דעם בוים פר טיפט אין גידאנקן האט ער דר זעהן איין אלטר מאן שטייט פר אים אונ זאגט צו אים גאט זאל דיך בענטשן זאלסט וויסן מיין קינד איך בין גקומן דיר זאגן חס עס וועט זיך מיט דיר טאן די נאכט נאר דו זאלסט דיך גאר ניט פארכטן ווייל גאט איז מיט דיר נאר וואס איך וועל דיר זאגן דס זאלסטו טאן אזוי האט דר זקן גנומן דעם שטעקין אונ זאגט דא זאלסטו זיצן זאלסט דיך פון דאנן ניט רורן ביז אין דר פרי אונ האט אים גזאגט אז דו זאלסט קיין ווארט צו קיינם ניט רידן אז איך וועל דא פון דיר אוועק גיין וועסטו זעהן פערד מיט קארוטים אונ זייער פיל הויל וואס דו האסט נאך אין דיין לעבן אזוי פיל ניט גיזעהן די אלי וועלן פר דיר דורך רייטן אונ דורך גיין זיי וועלן שפילן אונ טרומייטרין אונ פויקן אונ אוף דיר ש[illegible]ן זאלסטו דיך פר זיי ניט פארכטן דר נאך וועט ווידר קומן איין אנדר מחנה מיט גרוס שטורם אונ וועלן ברומן אונ שרייאן אונ ועקן אוף דיר טארפן פיילן אונ שטייגר

זאלסטו דיך ניט פארכטן פר זיי אונ אזו װעט קומן די דריטי אונ די פערדי מתנה דר נאך װעט קומן איין גרוסי מתנה װעגן זיי זיין אן גיקלייד מיט פאנצרן מיט אזעלכע קולות וויא דינערן אונ בליצן אצונד הער צו װאס איך האב דיר אן גזאגט װעט דיר גוט זיין אונ דר זקן איז פר הילן גיװארן פון אים דר נער האט דאס גיזעהן אונ גיהערט איז אוף אים גיפאלן איין גרויס פַּחַד אונ האט זייער שטארק אן גהובן צו װיינן מיט איין ביטר הארץ נאר ער האט זיך גשטארקט מיט דעם װאס דר זקן האט אים אן גזאגט האט ער זיך גיזעצט אין עיגול אריין אונ האט בהעפט זיין מחשבה װאס דר זקן האט אים מוסר גיװעזן אוף אמאל איז גיקומן איין גרוסי מתנה מיט פערד אונ רייט װעגין אונ נאך מתנות מיט פיל חיילות אונ אויך די לעצטי מיט איין קאריטע װאס דאס גלייכען איז ניט דא אוף גאר דער װעלט אין דער קאריטע איז גיװען דר מלך אלי מתנות האבן אים זייער איבר גישראקן אונ גיװארפן אוף אים פיילן אונ שפיזין אונ פארכטגי שטיינר זיי האבן אבר גאר אים ניט גיקענט טאן װייל הנער האט בהעפט זייני מחשבות צו די כװונות אזו װי דר זקן האט אים מוסר גיװעזן אז עס איז גיקומן די מתנה מיט דעם מלך איז גיװארן אזו איין שטורם אז די ערד האט גיציטערט אונ דר מלך איז מיט זיין קאריטע גלייך צו גיפארן װי שלמה אפרים איז גיזעסן ער האט זיך אבר ניט גירירט אזו װי דר זקן האט אים אן גיזאגט האט דר דר מלך גירופן שלמה אפרים קום אהער צו מיר שלמה אפרים האט ער זיך גאר ניט גיקערט צו זייני רייד האט דר מלך אן גהובן אים איבר צו שרעקן מיט אזעלכי פחדים װאס מען קען זיך גאר ניט משער זיין ער האט אים אבר גאר ניט גיקענט טון װייל ער האט קיין שליטה ניט גיהאט :

ויהי אז דר מלך האט גירעט מיט אים האט ער אים איבר גירעט אונ האט אים אריין גיזעצט אין קאריטע אונ האט גזאגט צו שלמה אפרים זאלסטו װיסן אז איך בין דר ס"ם אונ די אלי מחנות זענין מייני אונ דו ביסט אצונד ביי מיר שון אין דר האנט איך זאל טאן מיט דיר װאס איך װיל נאר איך האב רחמנות אוף דייני יונגי יאר אונ אוף דייז גרוסן פר שטאנד איך װעל דיך לאזן אהיים גיין נאר די זאך זאלסטו טאן דאס קלייני בלאט זאלסטו געמן פון מיר אונ זאלסט מיר שװערן ביי גאט אז אלי טאג אלסטו לייאנן דאס בלאט װייל דוא װעסט לעבן אונ אוב דוא װילסט ניט ביסטו אין מיין האנט אז שלמה אפרים האט געזעהן א

עֶס אִיז קֵיין בְּרֵירָה נִיט הָט עֶר דָס בְּלַאט גִנוּמֶען בַּיי אִים אִיז הָט גִישְׁוואוֹרֶען בַּיי גָאט הָט אִים דֶר ס״ם גִילָאזְט ווִידֶר צוּרִיק אִין גָארְטֶען אַרֵיין אוּנ עֶר אִיז אַלֵיין גִיבְּלִיבֶּען אִין גָארְטֶען בִּיז עֶס אִיז טָאג גִיוָוארֶען • הַבּוֹקֶר אוֹר וְוִי עֶס אִיז טָאג גִיוָוארֶען אִיז שְׁלֹמֹה אֶפְרַיִם אַהֵיים גִיגַאנְגֶען דִיעֶר מִיט אַטְרוֹיֶערִיג פְּנִים אוּנ אִיז שׁוֹין נִיט גִיגַאנְגֶען אִין דֶר יְשִׁיבָה אַרֵיין אַזוֹ ווִי זַיין מִנְהָג אִיז גִיוֶועזֶען הָאבֶּען זֵיי אִים גִיפְרֶעגְט ווִי עֶר אִיז גִיוֶועזֶען אוּנ פַר וָוס עֶר הָט אַזוֹ אַיין שְׁלֶעכְט פָּנִים • הָט שְׁלֹמֹה אֶפְרַיִם גִיעֶנְטְפֶערְט עֶר אִיז אַיין גַאנְצֵי נַאכְט אַלֵיין אִין גָארְטֶען גִיבְּלִיבֶּען הָט עֶר זִיךְ אִיבֶּר גִישְׁרָאקֶען עֶס אִיז גִקוּמֶען דֶר אַנְדֶערֶער טָאג שְׁלֹמֹה אֶפְרַיִם גֵייט ווַייטֶער נִיט אִין דֶר יְשִׁיבָה אַרֵיין אוּנ אַז דֶעם דְרִיטֶען פֶערְדֶען טָאג הָט מֶען שׁוֹין אָן גִהוֹבֶּען אוֹיף אִים אַכְטוּנְג גֶעבֶּען הָט מֶען גִזֶעהֶען אַז עֶר אִיז שׁוֹין נִיט מְדַקְדֵק אִין מִצְוֹת אַזוֹ ווִי פְרִיר הַכְּלָל עֶר אִיז גָאר פַר קֶערְט גִיוָוארֶען גְלַייךְ עֶס אִיז גָאר נִיט דֶער שְׁלֹמֹה אֶפְרַיִם וָוס אִיז גִיוֶועזֶען • אִיז זַיין בַּעַל הַבַּיִת גִיגַאנְגֶען צוּ דֶעם רֹאשׁ יְשִׁיבָה אִין הָט אִים דֶר צֵיילְט וָוס עֶס טוּט זִיךְ אַצוּנְד מִיט דֶעם שְׁלֹמֹה אֶפְרַיִם הָט דֶר רֹאשׁ יְשִׁיבָה גְשִׁיקְט נָאךְ אִים • הָט עֶר נִיט גִיוָואלְט גֵיין הָט דֶר רֹאשׁ יְשִׁיבָה נָאךְ אַיין מָאל גִישִׁיקְט אוּנ מֶען הָט אִים גִבְּרַאכְט • הָט אִים דֶר רֹאשׁ יְשִׁיבָה גִיזָאגְט אִין דַיין פָּנִים דֶר קֶענְט מֶען אַז דוּ בִּיסְט אַיין אַנְדֶערֶר מֶענְטְשׁ גִיוָוארֶען הָט שלמה אפרים גִישְׁווִיגֶען אוּנ הָט אִים נִיט גִיעֶנְטְפֶערְט זָאגְט אִים דֶר רֹאשׁ יְשִׁיבָה דֶר צֵייל מִיר דַיינֵי בַּגֶעגֶנִישׁ וָוס מִיט דִיר אִיז דֶר גַאנְגֶען הָט עֶר אִים קֵיין וָוארְט נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט • הָט דֶר רֹאשׁ יְשִׁיבָה גִיזָאגְט אִיךְ בִּין אוֹיף דִיר גוֹזֵר דוּא זָאלְסְט מִיר אַלֶץ דֶר צֵיילֶען אוּנ זָאלְסְט פַר מִיר דֶעם גַאנְצֶען אֱמֶת זָאגֶען הָט שלמה אפרים אָן גִהוֹבֶּען צוּ ווֵיינֶען אוּנ הָט אִים דֶר צֵיילְט וָוס מִיט אִים אִיז אִין גָארְטֶען דֶר גַאנְגֶען פוּן גְרוֹס בִּיז קְלֵיין אוּנ הָט גִיווִיזֶען דָס בְּלַאט וָוס מֶען הָט אִים גִיגֶעבֶּען ווִי דֶר רֹאשׁ יְשִׁיבָה הָט אוֹיף גִיעֶפֶענְט דָס בְּלַאט הָט עֶר אָן גִיחַאפְּט זִיךְ בַּיי דִי הָאר אוּנ גִישְׁרִיגֶען • מִיט אַיין יָעמֶערְלִיךְ קוֹל ווַיי אַזוֹ הֵיילִיגֵי נְשָׁמָה זָאל אַזוֹ גִיחַאפְּט ווֶערֶען אִין דֶר הַאנְט אַרֵיין הָט דֶר רֹאשׁ יְשִׁיבָה גִישְׁווִינְד אוּס גִיקְלִיבֶּען צֶעהֶען תַּלְמִידִים אוּנ הָט זֵיי גִילֶערֶענְט ווִי אַזוֹ זֵיי זָאלֶען זִיךְ טוֹבֵל זַיין אוּנ זֶענִין גִיגַאנְגֶען מִיט אִים צוּ דֶער מִקְוָה • דֶר הִימֶל אִיז גִיוָוארֶען פִיל מִיט וָואלְקֶן אוּנ אַיין גְרוֹסֶער רֶעגֶען הָט אָן גִהוֹבֶּען צוּ גֵיין מִיט אַיין גְרוֹסֶען שְׁטָארֶעם • אוּנ נָאךְ דֶעם זֶענִין אַלֵי אַהֵיים גִיגַאנְגֶען צוּם רַב מִיט גְרוֹס שִׂמְחָה וָוס מֶען הָט שְׁלֹמֹה אֶפְרַיִם מַצִיל גִיוֶועזֶען זַיין הֵיילִיגֶע נְשָׁמָה אוּנ מַצִיל גִיוֶועזֶען

